צווייטע אויפלאַגע

# ארץ יהודה

## אַ ביישראג צו דער לייזונג פון דער אידן-פּראָגע

גערעכטיקייט פארן אידישן פאָלק.

א פאָדערונג און נישט קיין ביטע.

אַ שטאַטלעכע מערהייט און נישט קיין פאַראַכטעטע מינדערהייט.

אַ ראַדיקאַלע לייזונג פון פּראָבלעם און נישט קיין פּראָוויזארישע.

נישט קיין איינצל נאָר א קאָלעקטיווע אַקציע.

אַ קאָנצענטרירטע און נישט קיין אונטערגעוואָרפענע פאָלקס-באַוועגונג.

אַ עקאָנאָמישער פּרינציפּ און נישט קיין פילאַנטראָפּיע.

הלוואות און נישט קיין מתנות.

ארבעט און נישט קיין שפּעקולאַציע.

## חיים יעקב ווילה

קאַסיר פון דער אידישער אגענץ אין דרום אמעריקע'
גרינדער פון „בני ברית" אין אורוגוויי, גרינדער
עקס פּרעזידענט פון „בני ברית" אין ארגענטינע,
פון „בני ברית" אין טשילע.

●

בוענאָס איירעס, 1939

דער איצטיקער נויטצושטאנד אין וועלכן עס געפינט זיך היינט דאָס גאנצע וועלט אידנטום, האָט אָנגענומען אַזעלכע קריטישע פאָרמען, אַז זיי שטעלן אין געפאַר נישט נאָר די עקאָנאָמישע לעבנס-באַדינגונגען פון די ברייטע אידישע מאַסן, נאָר זיי גיבן אויך נישט קיין שום מעגלעכקייט צו געפינען אַ פּראָוויזאָרישן מקום מקלט פאַר די פאַרפאָלגטע אידן.

בעת די פריצייטיקע אנטיסעמיטישע פאַרפאָלגונגען, אָדער אין די צייטן ווען די אידן האָבן אַלס קאָנסעקווענץ פון די קריטישע עקאָנאָמישע באַדינגונגען גע- זוכט אַ נייַ פאָטערלאַנד, האָט נאָך ווייניקסטנס עקזיסטירט די מעגלעכקייט וואו נישט איז אויסצואוואַנדערן. די גרויסע וועלט האָט נאָך דאַמאָלסט געהאַלטן אָפן אירע טירן. זייט אָבער, דער דייטשער שטאַטס פאָליטישער אַנטיסעמיטיזם האָט מיט זיין אומבאַגרענעצטער ווילדקייט און ברוטאַליטעט זיך ניט באַנוגנט מיט אַרויס- טרייבן די אידן פון דייטשלאַנד און פון די נייַ אָנגעשלאָסענע געביטן, נאָר אויך אָנגעהויבן צו פירן דורך זיינע אומצאָליקע אַגענטן אַ פאַרלוימדערישע העץ פּראָפּאַ- גאַנדע אין דער גאַנצער וועלט, איז אונזער לאַגע געוואָרן אַן אומדערטרעגלעכע.

די דייטשע אַנטיסעמיטן אין אויסלאַנד, איז געלונגען מיט דער הילף פון געבעלכעס „צירקולירנדע מאַרק" שאַפן אַזאַ לאַגע, אַז אַ סך קולטורעלע פעלקער און רעגירונגען פון אַ גאַנצע רייע לענדער זאָלן באַטראַכטן די אידן אַלס אַן „אומ- געוואונטשענעם עלעמענט". דאָס איז געשען אפילו אין אַזעלכע לענדער, וואו מען האָט פריער ניט באַגרענעצט די אידישע מאַסן איינוואַנדערונג. אַ סך דאַקטוירים און ריכטער אפילו זיינען אַף אַזוי וויט פאַר׳סמ׳ט געוואָרן דורך דער דאָזיקער פּראָ- פּאַגאַנדע, אַז זיי האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן זייערע עטישע פּרינציפּן אין באַצוג צו די אידן. דער קראַנקער ווערט באַהאַנדלט נישט אַלס אַזעלכער, נאָר אַלס אַ איד און דער ריכטער, וועלכער האָט פריער דערקלערט: דער צד איז אַ איד אָבער ער איז גערעכט; דערקלערט איצט: דער צד איז גערעכט אבער ער איז אַ איד..

דער קלאַסישער ביישפּיל פון דער אנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון אַנטיסע- מיטיזם איז פאָלגנדער: צום אָנהויב האָט מען די אידן אריינגעלאָזט אין די לענדער און זיי געוויזן אַ פריינטלעכן פּנים, כדי אויסצונוצן זייער פלייס און אַרבעטסזאַמ- קייט. מען האָט ספּעציעל געלאָקט די רייכע אידן, כדי מיט זייער קאַפּיטאַל אויפצו- בויען דאָס לאַנד. דאַן איז געקומען די צווייטע פאַזע פון אַנטיסעמיטיזם. נאָכדעם ווי די אידן האָבן געאַרבעט און געשאַפן מיט דערפאָלג האָט מען זיי אָנגעהויבן מקנא צו זיין און צו האַסן. צום סוף, דער דריטער עטאַפּ פון אַנטיסעמיטיזם, וועל- כער איז באַשטאַנען אין צונעמען בא די אידן זייערע רעכטן און זיי אַרויסטרייבן פון לאַנד.

אין דער היינטיקער סיטואַציע קען פון ערשטן פּעריאָד גאָר קיין רייד נישט זיין. אַזאַ דערנידעריקנדע דערשיינונג ווי די פאַרהאַנדלונגען פון די פאַרטרעטער פון 32 לענדער אין עוויאַן קען נאָך נישט די וועלט געשיכטע; אויך די אַרבעטן פון פליכטלינג-קאָמיטעט אין לאָנדאָן זיינען ווייט ניט קיין צופרידנשטעלנדע. עס איז בכלל אומגלויבלעך ווי קליין עס איז די הילף וועלכע עס שלאָגן אונז פאָר די אַרומיקע לענדער; דוקא לענדער וואָס באַזיצן ריזיקע טעריטאָריעס און וואו עס פעלט מענטשלעכע אַרבעטסקראַפט; לענדער, וועלכע פאַרמאָגן נישט קיין אינדוסטריע און קיין האַנדל און וואו עס איז דאָ אַ מאַנגל אין טעכנישע און גייסטיקע אַרבעטער; לענדער, וואו די פאָלקס היגיענע שטייט אַף אַ גאָר נידעריקער מדרגה צוליב דעם קליינעם צאָל דאָקטוירים און סאַניטאַרן פּערסאָנאַל; טראָץ דעם אַלעם, האָבן די דאָזיקע לענדער, קעגן זייערע אייגענע אינטערעסן, הערמעטיש געשלאָסן זייערע טויערן נאָר דערפאַר ווייל די מעגלעכע נייע עמיגראַנטן זיינען אידן. כדי נישט אָנגערופן צו ווערן אנטיסעמיטן, האָבן אַ סך לענדער — צווישן די גאָר פּראָגרע- סיווע — אַרויסגעגעבן נייע איינוואַנדערונגס געזעצן, דורך וועלכע מען פאַרבאָט פּאַקטיש די אידן-אימיגראַציע; אויך די אַלטע געזעצן ווערן פאַרשאַרפט, כלומרשט אין די אינטערעסן פון די געגעבענע לענדער, טראָץ דעם, וואָס אַ בלינדער קאָן

איינזען, אַז די לענדער וועלן האָבן אויסצושטיין גרויסע צרות צוליב די דאָזיקע געזעצן.

צום אומגליק פון וועלט אידנטום, מוזן מיר פעסטשטעלן, אַז דייטשלאַנד האָט דערגרייכט פּאָזיטיווע דערפאָלגן אַפן אינטערנאַציאָנאַלן געביט. די דאָזיקע דערפאָלגן האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם פרידנסווילן און דער גוטמוטיקייט פון די דעמאָקראַטישע לענדער. די דאָזיקע דערפאָלגן, האָבן אָבער געבראַכט דערצו, אַז אַפילו אין די לענדער וואָס ווילן דעם שלום האָט זיך דער אַנטיסעמיטיזם שטאַרק פאַרשאַרפט און מיר שטייען פאַר דער געפאַר, דאָס בא דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט זאָלן די אַנטיסעמיטישע מאָסמיטלען פון דריטן רייך און פון איטאַליע אויך נאָכגעמאַכט ווערן אין די היינט נאָך ליבעראַלע לענדער. א קלאָרן ביישפיל אפר דער דאָזיקער מעגלעכקייט קענען מיר זען אין טשעכאָסלאָוואַקיע.

אַלס קאָנסעקווענץ פון שטאַטלעכן דייטשן אַנטיסעמיטיזם, וועלכער שטויסט אַרויס די אידן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, צווינגט זיי זיך אומצוקערן צום געטאָ און באַרויבט זיי פון זייער פאַרמעגן, און די אויסוואַנדערונג פון גרויסע אידישע מאַסן איז דאָרט אַ דרינגענדע נויטווענדיקייט.

דוקא דערפאַר ווייל אַ סך לענדער, וועלכע פאַרמאָגן אַ גרויסע אידישע באַ־פעלקערונג, קענען נאָכטאָן דעם דייטשן ביישפּיל, ווערט נאָך שווידערלעכער די לאַגע פון די אידישע מאַסן. די צאָל פון די אידן וואָס זיינען באַדראָעט פון דער דאָזיקער געפאַר דערגרייכט צו כמעט זעקס מיליאָן, ד. ה. מער ווי אַ דריטל פון גאַנצן אידישן פאָלק. מיר קענען באַרעכענען די צאָל דייטשע אידן אין כמעט זיבן הונדערט טויזנט, די טשעכאָסלאָוואַקישע אין דריי הונדערט טויזנט, די אידן פון אונגאַרן אַ האַלבן מיליאָן און רומעניען אין אַ מיליאָן צוויי הונדערט טויזנט און די גרויסע מאַסע פּוילישע אידן אין אַ דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן, חוץ דעם איז נאָך אויך גענוג גרויס די צאָל פון די אידן, וואָס וואוינען אין אַנדערע לענדער און הויבן שוין אָן צו פילן די אַנטי־אידישע פאַרפאָלגונגען.

מיר ווילן און קענען זיך איצט נישט באַקלאָגן אף דעם, וואָס מיר האָבן בעת אונזער גלאַנץ פּעריאָד, פון דער עמאַנציפּאַציע ביזן אויסברוך פון וועלט קריג, זייער ווייניק אויפגעטאָן פאַר אונז זעלבסט. מיר האָבן צופיל געבויט אַפן באַוואוסט-זיין פון דער מענטשהייט. פאַרבלענדעט פון דער מענדעלסאָנישער פילאָזאָפיע האָבן מיר צופיל אָנגענומען אַלס אומצוברעכבאַרע אמתן די סאָלידאַריטעט פון דער וויסנ-שאַפט, די אייביקייט פון די מענטשלעכע רעכטן און פון דער סאָציאַלער גע-רעכטיקייט.

מיר האָבן געגעבן די לענדער, וועלכע האָבן אונז אויפגענומען, דאָס בעסטע וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. מיר זיינען געווען איבערצייגט אַז מיר זיינען פולשטענ־דיקע דייטשן, עסטרייכער, אונגאַרן א. א. וו. און מיר האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן אַז מיר זיינען אידן. מיר מוזן נאָך צוגעבן, אַז מיר האָבן שטאַרק געזינדיקט קעגן דעם צווייטן געבאָט. מיר האָבן געדינט פרעמדע געטער. מיר האָבן באַטראַכט אַלס אונ־זער גאָט דעם פּאַטריאָטיזם און די אויבנדערמאָנטע אידעאַלן; דאָס זיינען אָבער נאָר געווען געטשן מיט פאַרשטיינערטע פיס, ווייל בא דעם ערשטן קאַנאָנען שאָס אין יאָר 1914 האָט אַלץ געפּלאַצט ווי אַ זייפן בלאָז. היינט שטייען מיר ווידעראַמאָל פאַרן טרויעריקן פאַקט פון זיין דער שעיר לעזאזל ווייל מיר האָבן נישט ווער עס זאָל אונז פאַרטיידיקן.

טראָץ אַלעמען עקזיסטירן נאָך אָבער אף דער וועלט געוויסע שפּורן פון גע־רעכטיקייט און הומאַניטאַרע געפילן. עס זיינען דאָ אַפילו שטאַטסמענער, וועמענס ריינער געוויסן שטעלט זיך קעגן דער אויסראָטונג פון אַ פאָלק פון 16 מיליאָן נפשות נאָר דערפאַר ווייל דאָס פאָלק פאַרמאָגט שוין זייט טויזנטער יאָרן די פרייהייט פון געוויסן, פילט דאָס פליכט צו דענקען און פאַרטיידיקט די הויכע גייסטיקע ווערטן קעגן דער ברוטאַלער קראַפט; ווייל די דאָזיקע אייגנשאַפטן זיינען אונז איינגע־וואַקסן אין פלייש און בלוט, ווייל אונזער פאָלק באַשטייט פון אינדיווידואַליסטן, וועלכע לאָזן זיך נישט פאַרקנעכטן. עס איז אויך מעגלעך, אַז עס עקזיסטירן געוויסע

פּאָליטישע אינטערעסן פון דער אָדער יענער גרופּע, צוליב וועלכע זיי זיינען פאַר־אינטערעסירט אין געפינען א לייזונג פאַר דער אידן־פראַגע. מען האָט צוגעשטעלט פאַרשידענע פראָיעקטן. מען האָט גערעדט וועגן א קאָלאָניזאַציע אין א גרויסן פאַרנעם. באַ די אַלע פראָיעקטן, אָבער, האָט מען מער אין זינען געהאַט דעם אידישן קאַפּיטאַל ווי די הומאַניטאַרע הילף און אַמליבסטן וואָלטן די לענדער אויפגענומען דעם קאַפּיטאַל אַליין  אָ ן  ד י  א י ד ן .

די קאָלאָניזאַציע פראָיעקטן, האָבן גענומען אין באַטראַכט נישט קיין קאָלאָני־זיר פּעאיקע געגנטן ווי צ. ב. די פראַנצויזישע און ענגלישע גוויניע, וועלכע איז צוליבן קלימאַט נישט דערטראָגבאַר פאַרן אייראָפּעער; דערנאָך קעניא און אוגאַנדא וועלכע זיינען שעדלעך פון סאַניטאַרן שטאַנדפּונקט; דאַן אַלאַסקאַ און מאַדאַגאַסקאַר וואָס זיינען ניט פּרוכטבאַר; און צום סוף אַביסיניע און מאַגאַניקאַ, וועלכע זיינען נישט אננעמבאַר איבער פּאָליטישע מאָטיוון. באַ די דאָזיקע אַלע קאָלאָניזאַציע פּלענער איז דאָס ערגסטע דאָס, וואָס מען האָט אונז די אַלע לענדער אָנגעבאָטן נישט אַלס לענדער פאַר אונז, נאָר אַלס קאָלאָניזאַציע - געביטן, וואו דער אַנטיסעמיטיזם וואָלט ווידער דערשינען נאָך א קורצער צייט.

אויך די מאַסן איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע איז לײדער זייער פּראָבלעמאַ-טיש. זאָלן מיר אפילו אָננעמען, אַז עס וועט אונז געלונגען צו באַקומען פאַר אונז ניט נאָר פּאַלעסטינע נאָר אויך דעם עבר הירדן; זאָלן מיר אָננעמען, אַז עס וועט אונז געלינגען צו שליסן א פריינטשאַפטס אָפּמאַך מיט די אַראַבער און אַז אפילו ענגלאַנד וועט נישט שטערן נאָר זי וועט שטיצן דאָס בויען פון א אידישער נאַ-ציאָנאַלער היים אין פּאַלעסטינע, אַזוי אַרום אַז אַנשטאַט א גערעכטלעך געזיכערטן שטאַט וועלן מיר האָבן א אויטאָנאָמען שטאַט אין פּאַלעסטינע. טראָץ דעם, וועט אָבער דאָס לאַנד ניט גענוג זיין אַף אויפצונעמען די גרויסע כוואַליע פון די אידישע אימיגראַנטן.

פּאַלעסטינע קען אונז נאָר דינען אַלס וואַפן אין קאַמף קעגן דער אַליין וואַקסנ־דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג. דאָס לאַנד וועט דינען אַלס א מקום מקלט פאַר מענטשן וואָס זיינען פאַרפאָלגט און וועלכע זיינען שוין מיד צו פאַרטיידיקן און באַגרינדן זיך אַלס אידן. עס וועט גענוג זיין דאָרט צו קאָנצענטרירן די אידישע וויסנשאַפט און די אידישע גייסטיקע ווערטן און כדי מיר זאָלן האָבן אַף דער וועלט אונזער אַדרעס און אין א נייט פאַל זאָל זיך פון דאָרט לאָזן הערן א וואָגיקער פּראָטעסט וואָרט אין קאָנצערט פון די נאַציעס. פּאַלעסטינע וועט אונז אויך דינען אין א מאָמענט פון גרויסער נויטווענדיקייט אַלס דורכגאַנגס סטאַציע פאַר די פאַר־טריבענע.

פּאַלעסטינע קען נישט אָבער אפילו אין א פאַרגרעסערטע פאָרם דינען אַלס דרינגענדע לייזונג פון דער אידנפראַגע לויט די באַדערפעניש פון איצטיקן מאָ-מענט..

מיט די לענדער וועלכע האָבן קינסטלעך געשאַפן זייער אידן-פּראָבלעם געשעט דאָס זעלבע, וואָס מיטן לערן אינגל פון כשוף-מאַכער, וועלכער האָט אַרויסגערופן די בייזע רוחות און קען זיי דערנאָך נישט באַהערשן; די דאָזיקע לענדער קענען זיך אויך קיין עצה נישט געבן און באַהערשן דעם צעפּלאָקערטן אידן-האַס. זיי זיינען נישט בכוח צו דערפילן זייערע דעמאַגאָגישע צוזאָגן לגבי דער אייגענער באַ־פעלקערונג, אָן צוצונעמען די רעכטן באַ די אידן. אַף אַזאַ אופן איז די פאָדערונג פון אַן אַלגעמיינער לייזונג פון דער אידנפראַגע אויך געשטעלט געוואָרן מצד אונ-זערע פיינט, די אַנטיסעמיטן און אַזוי פּוילן ווי רומעניע האָבן שוין פּרובירט צו געפינען א לייזונג ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן א מאַסן אויסוואַנדערונג פון אידן אין וועלכן נישט איז פּונקט פון דער וועלט.

איבער די גרויסע ליידן וועלכע אונזערע ברידער האָבן געהאַט אויסצושטיין אין מיטל און מזרח אייראָפּע, איז איצט געקומען דער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט, אין וועלכן די גרויסע אידישע מאַסן ווילן אויסוואַנדערן אָן א סך איבערצוקלייבן די אימיגראַציע פּונקטן. ווייל די דאָזיקע אידן האָבן שוין דורכגעמאַכט א שווערע

שול, זיינען זיי איצט גרייט צו ברענגען גרויסע קרבנות און אָנהויבן צו באַטרעטן דעם שווערן וועג פון אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע.

אַלס קאָנסעקווענץ פון העפטיקן איבערשיכטונגס־פּראָצעס וועלכער קומט פאָר זייט יאָרן צווישן אידישן פאָלק, איז די דאָזיקע נייע סיטואַציע אינעם אידישן לעבן ביכולת מיט דער נעמיינזאַמער הילף וועלכע זיי וועלן באַקומען מצד די אידן פון פּאַלעסטינע און די אַנדערע לאַנדרווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס אויף דער גאַנצער וועלט, צו גרינדן אַ גרויסן אידישן שטאַט.

דאָס איינציקע לאַנד וועלכע קאָן באַטראַכט ווערן אַלס פּאַסיקע און מעגלעכע אויף האַרט צו גרינדן אַ אידישן שטאַט און וועלכע ווערט באַטראַכט אַלס אַזעלכע מצד די געהעריקע קרייזן איז ד ר ו ם ר אָ ד ע ז י ע.

דרום ראָדעזיע איז אַ לאַנד פון כמעט 400 טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער, ליגט אויף אַ געוויסער הויכקייט, איז קלימאַטיש זייער דערטרעגלעך פאַר די אייראָפּעער און גאָר שיטער באַפעלקערט. דאָרט וואוינען נישט מער ווי 50 טויזנט אייראָפּעער און די לאַנדעס באַפעלקערונג דערגרייכט צו כמעט אַ מיליאָן מענטשן.

דער באָדן פון די נידעריקע געגנטן איז פּאַסיק פאַר קולטור־ווירטשאַפטן פון דרום־אייראָפּע און די הויכקייטן — פאַר דער קולטיווירונג פון צפון אייראָפּע. דער באָדן איז אויך געגנג פייכט. אַזוי אַז מען קאָן גלייך אָנהויבן אַ קאָלאָניזאַציע אין אַ גרויסן פאַרנעם.

מער ווייניקער דריי מיליאָן העקטאַר ערד קענען אויסגענוצט ווערן פאַר אַן אינטענסיווער לאַנדווירטשאַפטלעכער באַאַרבעטונג און דער דאָזיקער באָדן־פלאַך קען נאָך פילפאַכיק פאַרגרעסערט ווערן. אויף די לאָנקעס פּאַשעט זיך דריי מיליאָן רינדער שאָף. דאָס לאַנד באַזיצט אייזנבאַן ליניעס, ווייל דאָרט גייען דורך די ליניעס פון דער טראַנס־אַפריקאַנישע באַן און פּאָרמאָגט אויך גוט אויסגעבויטע וועגן פאַר אויטאָס, וועלכע פירן פון אינדישן ביז צום אַטלאַנטישן אָקעאַן. עס אַנט־וויקלען זיך דאָרט פאַבריקן, און עס קענען דאָרט פאַרבריצירט ווערן פּאָדים אין אַ גרויסן סכום אַזוי פון פלאַנצן ווי פון חיות. דער באָדן איז רייך מיט קוילן און אייזן און אַנדערע מינעראַלן אין אַ גרויסער צאָל. דער וואַסער־פאַל „וויקטאָריאַ" קען צושטעלן גענוג קראַפט כדי צו עלעקטריפיצירן דאָס לאַנד אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל גענוגן נישט נאָר פאַר דער אינדוסטריע נאָר אויך אויף צושטעלן ביליקע עלעקט־רישע ענערגיע פאַר דער באַפעלקערונג.

עס זיינען דעריבער דאָ מעגלעכקייטן, דאָס די קאָלאָניזאַציע זאָל שוין, אין ערשטן יאָר, קענען אויפנעמען וויניקסטנס אַ האַלבן מיליאָן מענטשן. אויף אַזאַ אופן וועט די גאַנצע אידן איינוואַנדערונג קענען דורכגעפירט ווערן אין פאַרלויף פון זעקס יאָר.

די פראַגע פון אַ פּאָרט קאָן געלייזט ווערן דורך אַרענדירן אויף 99 יאָר דעם פּאָרט אין מאַזאַמביק פון אומגעפער 100 קוו. קילאָמעטער, מיט אַ קאָרעדאָר פון 10 קילאָמעטער ברייט. ביידע מיט רעכט אויף אַרענדירן בירושה.

דער דאָזיקער פּראָיעקט קאָן קומען אין באַטראַכט נאָר דאַן, ווען די ענגלישע רעגירונג וועט זיך פאַרפליכטן, אַז נאָכדעם ווי עס וועלן זיך באַזעצן אין לאַנד אַ מיליאָן אידן, וועט דאָס דאָזיקע לאַנד אַנערקענט ווערן אַלס אַ אידישער אויטאָנאָמער שטאַט אין פאָרם פון אַ דאָמיניע פון דער ענגלישער אימפּעריע מיט דער גאַראַנטיע פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

כדי, באַם דערוווערבן דעם באָדן, נישט צו באַגיין די זעלבע פעלערן ווי אין פּאַלעסטינע, וועט מוזן דער גאַנצער באָדן דרום ראָדעזיען, וועלכער וועט טראָגן דעם נאָמען „ארץ יהודה" פאַרבלייבן אַלס שטאַטס אייגנטום. די איצטיקע באָדן־אייגנטימער, וועלן אויף זייער פאַרלאַנג, באַקומען אַן אַנטשעדיקונג לויט די פרייזן פון יאָר 1939, אָדער זיי קענען פאַרבלייבן מיט זייער פּריוואַט באַזיץ לויט די איצט עקזיסטירנדע געזעצן. כדי צו אויסמיידן די באָדן שפּעקולאַציע ווי דאָס איז געשען אין פּאַלעסטינע, ד. ה. אַז צוליב דער איינוואַנדערונג איז דער נישט באַ־אַרבעטער באָדן שטאַרק געשטיגן און אויף אַזאַ אופן אויפגעגעסן גרויסע אידישע

קאַפּיטאַלן, וועלן די גרויסע ערד שטחים אין ארץ יהודה׳ אַרענדירט ווערן אַף זיבן אָדער 49 יאָר. עס איז קלאָר אז פאר דער ווייטערדיקער אַרענדע האָבן די פריער־דיקע באזיצער אָדער זייערע יורשים אַלע רעכט.

דע שטאַט וועט אויפגעבויט ווערן אַפן געאָרגישן פּרינציפּ. כדי צו פינאַנצירן די אויסוואַנדערונג און דערעפענען דאָס לאַנד וועלן די עמיגראַציע לענדער בייטראָגן דורכן פאַרוועגדן א הויכן פּראָצענט פון פאַרנומענעם איידישן פאַרמעגן פאַר דער אויסוואַנדערונג, אדער ליפערן ווערטפולע זאכן אין ווערט פון די פּראָצענטער אין נייעם לאַנד.

די אויסוואַנדערונג זאָל אָנגעהויבן ווערן מיט מענטשן אין דער עלטער פון 16 ביז 40 יאָר און ערשט נאָכדעם זאָלן אימיגרירן די עלטערע און די אינגערע.

די צושפּליטערטע קאָלאָניזאַציע קאָן דעריבער נישט קומען אין באַטראַכט, ווייל מיט דעם וועלן מיר לייזן די אידנפראַגע נאָר טיילווייז און פּראָוויזאָריש. דער בעסטער ביישפּיל פאר דעם איז די קאָלאָניזאַציע אַרבעט פן דער איקא. ווען מען וואָלט אָנגעווענדעט די דאָזיקע קאָלאָניזאַציע פאָרם גלייך פון אָנהויב אין א קליי־נעם און פירטשאַפטלעך נישט אנטוויקלט לאַנד, אפילו אָן דער פאַרזיכערונג פון דער פּאָליטישער אויטאָנאָמיע, וואלט מען שוין היינט צו טאָג געהאַט אפילו אין אזאַ לאַנד ווי אורוגוויי אַ אידישע מערהייט, וועלכע וואָלט זיכער היינט אין מאָ־מענט פון נויט, געעפנט די טויערן פאַר די אומגליקלעכע ברידער.

נאַטירלעך מוז און וועט ארץ ישראל און ארץ יהודה פירן א ענגע צוזאַמענ־אַרבעט אין אויב מעגלעך בילדן אַן אײנהייטלעכן ווירטשאַפטס צענטער. ארץ יהודה דאַרף נישט אויפגעבויט ווערן דורך וואָלטעטיקייטס מיטלען ווי קרן היסוד און קרן קימת, נאָר זי דאַרף געבויט ווערן אַף אַ ריין ווירטשאַפטלעכן פּרינציפּ. פון דעם וועלט אידנטום זאָל נאָר געפאָדערט ווערן אַן הלואה, וועלכע דאַרף באַקומען ווערן אַף גינסטיקע באַדינגונגען.

איינע פון אונזערע אויפגאַבן באַשטייט אויך אין געווינען פאַר דעם דאָזיקן געדאַנק די פּאָליטישע פּערזענלעכקייטן פון די עמיגראַציע לענדער, כדי צו באַקו־מען מיט זייער הילף די מאָראַלישע שטיצע בא דער ענגלישער רעגירונג. מיר ווילן דאָך פון זיי נישט מער ווי זיי גופא: באַפרייען זיי פון ז יי ע ר אידנפראַגע.

עס איז זייער וויכטיק, אז דער דאָזיקער פּלאַן זאָל דורכגעפירט ווערן אין גאָר אַ שנעלן טעמפּאָ, ווייל דערווייל איז נאָך די אידישע מאַסע נישט אַף אַזוי פיל פאַראָרעמט דאָס עס זאָלן איר פעלן די סובסטאַנצן פאַר אַן אינטענסיוון אויפבוי. מיר שטייען אָבער פאַר דער געפאַר, אז אין גאָר אַ קורצער צייט קען דאָס געשען און די אַרבעטסזאַמע, טעכנישע, סאַניטאַרע און אינטעלעקטועל כוחות פון פאָלק זאָלן זיך לאַנגזאַם צעזייען איבער דער גאַנצער וועלט. דורכדעם וואָלטן מיר פאַר־לאָרן אונזער בעסטן קאַפּיטאַל וועלכער באַשטייט אין געשולטע און צוגעגרייטע מענטשלעכע קרעפטן. עס קען אויך אנטשטיין די געפאַר, אַז אלס קאָנסעקווענץ פון דער ליגנערישער פּראָפּאַגאַנדע, וועט דאָס אידישע פאָלק פאַרלירן דעם צוטרוי צו זיך און באַקומען א מינדערווערטיקייטס קאָמפּלעקס.

צום גליק ווערט איצטער די אידישע יוגנט אין אַלע לענדער צוגעגרייט פאַר קאָלאָניזאַציע און האַנטווערקעריי. אויך אין ארץ ישראל איז שוין היינט צו טאָג דאָ א גרויסע מאַסע אויסגעשולטע אידישע יוגנט, אַזוי, אַז עס וועלן אונז נישט פעלן קיין לערערס אַף אַלע געביטן. אויב מיר וועלן קאָנצענטרירן פאַר איין צוועק די אַלע געלטער, וועלכע מיר פאַרנוצן אַף אויסהאַלטן די פּליכטלינגען איז די פאַרשידענע לענדער, וועט אונזער דערפאָלג זיין געזיכערט. מען מוז אומבאַדינגט שאַפן אַן ענגן קאָנטאַקט אין יעדן עמיגראַציע לאַנד צווישן די פאַרשידענע קאָ־מיטעטן און אויך די אָרגאַניזאַציעס פון די ליבעראַלע לענדער דאַרפן פירן אַן איינ־הייטלעכע און קאָנצענטרירטע אַרבעט. אַלע קאָמיטעטן מוזן אין א קורצער צייט אויסוויילן אַן אַקציאָנס קאָמיטעט וועלכער זאָל פירן די פאַרהאַנדלונגען מיט די פאַרשידענע אַמטן. דער דאָזיקער אַקציאָנס קאָמיטעט מוז גלייך אויסטיילן אַן אָר־גאַניזם, וועלכער זאָל אָפּפאָרן קיין ראָדעזיע, כדי דורכצופירן דעם פּלאַן אַפן פּלאַץ.

דער צענטראל קאמיטעט וועט אויך באזארגן די אלגעמיינע אינפארמאציע פאר דער אידישער וועלט.

אונזער פלאן דארף אויך נעמען אין באטראכט דאס פראבלעם פון די געשמדטע און פון די האלבע און פערטל אידן; ווייל מיר ווייסן, אז די דאזיקע כאראקטערלאזע מענטשן האבן נאר אין א פראצענט פון 1 צו צען טויזנט פארלאזן דאס אידנטום אויס איבערצייגונג. און מיט זיי וועט זיכער דאס זעלביקע געשען ווי מיט דעם ערב רב פון משה רבינו און דאס געזינדל פון עזרא, וועלכע האבן זיך צוריקגעקערט צום אידנטום ווען זיי האבן דערזען די לוינבארקייט פון צוריקקער צום מקור.. דער היסטארישער ביישפיל ווייזט אונז אז מיר מוזן אויך דעם דאזיקן עלעמענט אויפנעמען די האלבע און פערטל אידן, אויב זיי קומען צו אונז ארויסגעשטויסענע פון אן אנדערן לאגער.

איך וויל האפן, אז מיינע פריינט די ציוניסטן וועלן בעתן באטראכטן דאס פראבלעם נישט באגיין דעם זעלבן טעות, וועלכן עס האבן באגאנגען מיינע אנדערע פריינט די ארטאדאקסן, באם אויפשוואונג פון ציוניזם. די ארטאדאקסן האבן דאמאלס באקעמפט די ציוניסטישע אידייע פון קאלאניזירן ארץ ישראל נאר דערפאר, ווייל לויט דער אידישער אמונה קאן דאס טאן נאר משיח בן דוד. דורכדעם האבן זיי פארלארן די אויסערגעוויינלעכע געלעגנהייט צו מאכן גרויסע דערגרייכונגען אין ארץ ישראל אפן רעליגיעזן געביט. איך האף, אז די ציוניסטן וועלן זיין ווייטזיכטיקער און וועלן שוין איצט איינזען, אז ארץ יהודה באדייט נישט קיין קאנקורענץ נאר א שטיצע פאר ארץ ישראל.

די נויט פון די אידן איז אזוי גרויס, אז מען מוז אומבאדינגט געפינען א צווייטן אויסוועג. איידער מיר זיינען ציוניסטן זיינען מיר אידן און מענטשן. עס איז אונזער ערן חוב צו ראטעווען אונזערע פאלקס ברידער און דער וואס ראטעוועט איין נשמה פון אידישן פאלק פארדינט א' חלק אין עולם הבא.

פונקט אזוי ווי בא דער צעטיילונג פון דודס מלוכה איז געווען אין דרום א ארץ יהודה און אין צפון א ארץ ישראל, קענען אויך עקזיסטירן אין דער צוקונפט צוויי אידן שטאטן; ארץ ישראל און ארץ יהודה. דער קאפ און דאס הארץ פון אונזער פאלק מוז און וועט ווי שטענדיק פארבלייבן אין לאנד פון אונזערע אבות; אבער ווייל פאלעסטינע קאן נישט אויפנעמען אונזער זעכצן מיליאניקן אידישן פאלק, מוז דער פראדוקטיווער קערפער זיין ארץ יהודה, וועלכע געפינט זיך אף א שטרעקע פון פינף טעג רייזע מיט א שיף, דריי טעג מיטן אייזנבאן און עטלעכע שעה מיט אן עראפלאן ווייט פון ארץ ישראל.

מיר זיינען אין דער ערשטער ריי אידן און וועלן קיינמאל נישט אויפגעבן אונזערע רעכט אף ארץ ישראל. אבער די נויט פון מאמענט און די זארג פאר דער צוקונפט שטויסט אונז אויפצובויען א גרעסערן באדן־אויבערפלאך אלס אונזערס א לאנד. ארץ ישראל ווערט נאר דורך ארץ יהודה אויסגעלייזט לויט אונזער תפילה: צור ישראל קומה בעזרת ישראל ופדה כנאמך יהודה וישראל.

בוענאס איירעס, פעברואר 1939

●

## צוגאב צו דער צווייטער אויפלאגע

זייט דאס דערשיינען פון מעמאראנדום איז די אלגעמיינע לאגע פון די אידן באדייטנד פארערגערט געווארן. די טשעכאסלאוואקיי, וועלכע האט ביז נישט לאנג געגאלטן פאר א מוסטער פאר דער דעמאקראטיע, ווי אידן האבן גענאסן פון גלייכע בירגער רעכט און מענטשלעכער ווירדע, איז איצט אליין געקנעכטעט און געפינט זיך אונטער דער לאסט פון שווערער מאראלישער און פיזישער אונטערדריקונג און דעם זעלבן גורל טיילן אויך די דארטיקע אידן. אין דער זעלבער צייט זיינען אויך אין אונגארן אריין אין קראפט די אנטי־אידישע געזעצן און אויך דארט פארלירן אונזערע ברידער זייערע רעכט און לעבנס-מעגלעכקייט.

דער טרויעריקער פאל מיט דער שיף „סאן לואיס" און מיט די וואנדערנדע אידישע פליטים האט אונז אויך דערוויזן, אז מיר קענען שוין נישט רעכענען מיטן אמעריקאנישן קאנטינענט אלס אויפנאמס-פלאץ פאר אונזערע געמאטערטע ברי־דער. די וואנדערנדע שיפן מיט די פליטים פון די נאציסטיש־פאשיסטישע פאר־פאלגונגען מאכן דעם איינדרוק פון מיטלאלטערלעכע געשפענסטער; געשפענסטער שיפן מיט פארצווייפלטע וועזנס, וועלכע זוכן אין זעלבסטמארד זייער רעטונג פון דער היינטיקער „מענטשלעכקייט" און „קריסטלעכער נעכסטנליבע".

אפשר געפינען זיך נאך אזעלכע אנשטענדיקע מענטשן, וועלכע פילן אונזערע נויטן און לײדן, און פאר די דאזיקע פילבארע מענטשן לאזן מיר איבער צו אנט־שיידן און צו אורטיילן ווער עס איז שולדיק אין די אלע אומזיסטע קרבנות, צי די יעניקע, וועלכע צעראבירן און צעפלינדערן צום ערשטן די מענטשן, וואס זיינען הונדערטער יארן אין זייערע היימען געזעסן און האבן דערנאך זיי פארטריבן, צי זיינען שולדיק די יעניקע, וועלכע לאזן די פארוואגלטע אידן נישט אריין אין זייער צוגעזאגטע היים.

מיר אידן זיינען אויך לעצטנס „באגליקט" געווארן מיט א „ווייסן־בוך", וועלכעס איז אפשר דער טונקעלסטער דאקומענט פון דער ענגלישער מלוכה און איז זיכער א כאראקטעריסטישע „קרוין" פון דער היינטיקער צייט פון פאראט.

מיר האבן געהערט פון מויל פון אן ענגלישן מיניסטער (מ. מאקדאנאלד) א רעדע, וועלכע איז געווען א מייסטער־ווערק פון סאפיסטיק און האט מיט איר אפילו די פרומע שטאטסלייט פון פעלקער-בונד נישט געקענט איבערצייגן אין איר גערעכטיקייט.

קען זיין, אז די היינטיקע פאליטישע לאגע פון דער „גרויסער אימפעריע" איז אזעלכע, וואס צווינגט איר צו ברעכן אלע געשלאסענע פאקטן, וואס איז אין קענ־זאץ מיט דער דזשענטעלמענישקייט פון די ענגלענדער.

די ענגלישע רעגירונג דארף אבער אלס קעגן אקציע פאר איר פאראט, ווי־ניקסטנס געבן די פאראטענע א שטיקל פלאץ אין איר אימפעריע, וועלכע איז געשאפן א דאנק איינעם פון די זין פון די פאראטענע.

עס איז די צוועלפטע שעה ווי ענגלאנד קען נאך רעטן איר כבוד און עס דארף זיין אין איר אייגענעם אינטערעס צוריק צוגעווינען דעם פארטרויען פון דער וועלט. די אנגלא־זאקסן באהויפטן צו זיין „די אויספירער פון ביידע טעסטאמענטן". זיי האבן דערצו די מאכט און זאל איצט קומען די גוטע טאט.

בוענאס איירעס, אויגוסט 1939.

## חיים יעקב ווילה

קאסיר פון דער אידישער אגענץ אין דרום אמעריקע, עקס פרעזידענט פון „בני ברית" אין ארגענטינע, גרינדער פון „בני ברית" אין אורוגוויי, גרינדער פון „בני ברית" אין טשילע.

**EUGENIO VILLA**
**Victoria 2575**
**Buenos Aires**